# קאנסטיטושאן

פון דיא

# חברה אסיפת ישראל

420 וואלאבאוט סט, ברוקלין.



גענרינדעט מאי דען 12טען 1885



Bellers Print Shop 80 Bartlett St. B'klyn.

# בעאַמטען ליסטע

נחמיה לעוויט ................עקס פרעזידענט
שבתי קאָוויטין ...............עקס פרעזידענט
שמחה בינם טיקאָלסקי ..........עקס פרעזידענט
שלמה יצחק יאפע ................פרעזידענט
דוב הורוויטץ ...............וויס פרעזידענט
בנימין קירשענבוים ...............טרעזשורער
משה פינקעלשטיין ..........פינאַנס סעקרעטער
יצחק יעקב נעלסאָן ........פראָטאָקאָל סעקרעטער
ישראל פינקעלשטיין ...............טראָסטיע
יוסף קאָרן .......................טראָסטיע
יודעל ליטמאַן ..................1טער גבאי
מנשה פינקעלשטיין ...............2טער גבאי
מיכאל וואלטץ ..................3טער גבאי
משה סינאַוויטץ ................ האָספּיטעלער

## בעאמטע צום גמילת חסד פאָנד

שבתי קאַוויטין ...................טשערמאַן
שמחה בינם טוקאָלסקי ...........טרעזשורער
משה פינקעלשטיין ................סעקרעטער

## קאָנסטיטושאָן קאָמיטע:

שלמה חיים דזשייקאָבסאָן .............טשערמאַן
משה פינקעלשטיין ...............סעקרעטער.
יצחק יעקב נעלסאָן ........אַסיסטענט סעקרעטער
נחמיה לעווינט
שבתי קאָוויטץ
שמחה בינם טוקאָלסקי
משה סינאָוויטץ
זלמן יאנקעלעוויטץ
יצחק מאיר וויזען
דוב הורוויטץ
קלמן גאָלדשטיין
בנימין קירשענבוים
יצחק פינקלשטיין 1,
אפרים מאָשקאָוויטץ
שלמה יצחק יאפע ..............קאָרעקטער

## טאגעס אָרדענונג

1. ערעפענונג דעם פערזאמלונג
2. פאָרלעזונג דיא נעמען פאָן בעאַמטע
3. פאָרלעזונג דעם פראָטאָקאָל פאָן לעצטען פער-זאמלונג.
4. פאָרלזונג פאָן צושריפטען

5. קאָמיטע בעריכט פון פאָרגעשלאָגענע קאַנדי־
דאַטען.

6. באַלאָטירונג פיר אויפנאהמע פאָן קאנדידאַטען

7. איינפיהרונג נייע קאַנדידאַטען

8. פאָרשלאגען נייע קאַנדידאַטען

9. קראַנקע אונד שבעה בעריכט

10. אַנמעלדונג פאָן קראנקע, טרויערענדע אונד נויט־
לײדענדע מיטגליעדער.

11. קאָמיטע באַריכט

21. אונערלעדיגטע געשעפטען

13. רעצעס פיר איינצאהלונג

14. צום וואָהל אונד בעסטען דיא חברה.

15. איינאמע אונד אויסגאבע

16. שלוס דעם פערזאמלונג

---

ארטיקעל 1.

נאָמען צוועק אונד שפּראַכע דער חברה

§ 1. דער נאָמען פון דיא חברה זאָל אימּמער גערופען ווערען: **חברה אסיפת ישראל**.

§ 2. זאָ לאנג ווי 10 גוטשטעהענדע מעמבערס וועלען זיך געפינען זאָל דיא חברה נימאלס אויפגע־

לייזט ווערן אונד דער נאָמען ניט געענדערט ווערען.

§3. אלע ביכער אונד אלע געשעפטס פער־האַנדלונגען פאָן דער חברת זאָל אימער אין אידי־שער שפּראכע געפיהרט ווערען

§ 4. דיא חברה זאָל אימער האָבען אַ שוהל צום דאַוועגען אונד צום לערנען יעדען טאָג אויך שבת אונד יום טוב, די תפילה זאָל זיין אַשכנז.

§ 5. דיא חברה זאָל אימער האָבען סעמעטערי אונד אלע נויטהיגע זאכען צו געברויכען ביי איין טוידעס פאַל ר"ל.

---

אַרטיקעל 2.

מיטינג אָרדענונג

§ 1. דיא מיטינגען ווערען איינגעטיילט אין 3 טהיילען :

א) רעגעלער

ב) שפּעציאל

ג) אונד דזשענעראל

§ 2. דער רעגעלער מיטינג זאָל שטאטפינדען דעם ערשטען אונד דריטען זונטאג אבענדס אום 8 אוהר שארפ אין שול, ווען זיבען מיטגלידער זיינען אַנוועזענד זאָל דער מיטינג ערעפענט ווערען.

§ 3. איין ספּעציאל מיטינג האָט דער פּרעזי־דענט דאָס רעכט צו בארופען פאָן אלע מיטגליעדער

ווען ער געפינט פאר נויטיג, זאָ איין מיטינג מוז בע־
רופען ווערען שריפטליך אָנגעבענדיג דיא אורזאכע
וועגען ספעציאל מיטינג. ווען זיבען גוטשטעהענדע
מעמבערס פערלאנגען פאָן פרעזידענט שריפטליך,
אָנגעבענדיג דיא אורזאכע צו בארופען אַ ספעציאל
מיטינג, זאָל דער פרעזידענט שפעטסטענס 4 טעג
נאָך ערהאלטען דעם צושריפט איינבערופען, אלע
ברידער דורך פאָסט קארדס. דיא אונטערגעשריע־
בענע מוזען אָבער אַנוועזענד זיין צו דעם ספעציאל
מיטינג, ווען אָבער ווער פון זיי וועט ניט ערשיינען
צו דעם מיטינג און האָבען קיינע גענוגענדע אור־
זאכע אָנגעגעבען, זאָלען מיט 2 דאָלאר בעשטראָפט
ווערען.

§ 4. דזשענראל מיטינגען זאָלען אָבגעהאַלטען
ווערען יעדען 1טען זאָנטאג אין די מאָנאַטען מערץ,
יוני, סעפּטעמבער אונד דעצעמבער, צו דיזע מי־
טינגען זאָלען אלע ברידער איינבערופען ווערען דורך
נאָטיסעס אָנגעבענדיג אלע שולדען אָבער דיוס זאָל
געצאהלט ווערען מאָנאַטליך.

§ 5. אויב ביז 9 אוהר דיא בעאַמטע וועלען
ניט אַנוועזענד זיין ביים עפענען דעם מיטינג, זאָל
דער מיטינג געעפנט ווערען ווען 7 גוטשטעהענדע
ברידער זיינען אַנוועזענד.

---

## אַרטיקעל 3.

### אויפנאהמע פון נייע קאנדידאטען

§ 1. יעדער קאַנדידאַט וועלכער ווערט פאָרגע־

שלאָגען אין אונזער חברה, מוז איין גוטען כאַראַק־טער באַזיטצען מאָראליש און יודיש געזאָנען, אויך ווען דער קאנדידאַט איז סינגעל אָדער פארהייראַט, זאָל זיין כדת משה וישראל, מוז איין געשעפטס מאַן אָדער אַרבייטער זיין, ער זאָל זיין פעהיג פיר זיין פאַמיליע אַ לעבען צו מאכען, אויך מוז ער און זיין פאַמיליע קערפערליך און גייסטיג געזונד זיין. אויך מוז ער מיט זיין פרוי פאָן דער חברה'ס דאָקטאָר אונטערזוכט ווערען אויף זיינע עקספּענס און א דאָק־טאָר אַטעסט פאָןביידען צום נעקסטען מיטינג ברייגגען.

§ 2. ווען איין ברודער שלאָגט פאָר אַ קאַנדי־דאט מוז ער אָנגעבען זיין נאָמען, אַדרעס, עלטער, און געשעפט אויך מוז ער 50 סענט פאָרשלאָגס געלד געבען.

§ 3. דער פרעזידענט אַפּוינטעט דאן איין אונ־טערזוכונגס קאָמיטע בעשטעהענד פאָן 2 ברידער אונד דער וויס פּרעזידענט איינעם וועלכע מוזען אומבעדינגט אריין ברייגגען זייער רעפּאָרט צום נעקסטען מיטינג, דאן ווערט ער באַלאָטירט, דאן 1 שוואַרצע גאלקע איז צום דעבאַטירען, 2 שוואַרצע וייזען צוריק אויף 6 מאָנאַטען און 3 שווארצע ווייזען צוריק אין גאנצען, אויך מוז אַ יעדער קאַנדידאַט באַלאָטירט ווערען אָהנע אונטערשיד יונג אָדער אלט.

§ 4. ווען דיא קאָמיטע בעריכטעט דעם קאַנ־דידאַט גינסטיג, זאָל ער פאָן סעקרעטער איין פּאָסט קאַרד בעקאָמען צו געהן צום דאָקטאָר אונד ביי

נעקסטען מיטינג צום ארייננפיהרונג אין חברה אלס מעמבער אונד גוטען ברודער.

§ 5. איינטריט געלד פאָן קאנדידאַטען זאָל זיין:

פאָן 18 יאָהר ביז 30 יאָהר.......$1.00

פאָן 30 ביז 35 יאָהר..........2.00

פאָן 35 ביז 40 יאָהר...........4.00

און אריבער 40 יאָהר נאָך דעם באשלוס פאָן די חברה

§ 6. ווען אַ קאַנדידאַט איז גינסטיג בעריכטעט און באלאָטירט גינסטיג און ווערט דורך דעם סעק־רעטער איינגעלאדען צו קומען איינצופיהרען אלס מעמבער, און ווען ער קומט ניט 3 מיטינגען נאָך דעם פארלירט ער דאָס פאָרשלאגס געלד און ווען ער וויל נאָכהער אריין קאָמען, מוז ער ווערען נאָך אַמאָל פאָרגעשלאָגען.

§ 7. דיא חברה קאָן צו יעדער צייט ענדערען דיא איינטריט געלד.

§ 8. יעדער נייער מעמבער מוז עקסעפּט זיין איינטריט געלד אויך 5 דאָלאר פאר סעמעטערי בע־צאהלען.

§ 9. אַ מעמבער וועלכער בעלאנגט נאָך ניט 6 מאָנאַטען איז צו קיינע בענעפיטען פאָן דיא חברה בערעכטיגט אויסער קרקע, אויך קען ער קיין אַמט האָבען אויסער סעקרעטער.

---

## אַרטיקעל 4.

### פפליכטען פון מעמבערס

§ 1. עס איז דיא פליכט פון יעדען ברודער דיא געזעטצע פינקטליך צו היטען קיין ברודער ניט בע־ליידיגען, אָדער איין אונרעכט צו טהאָן ביי דיא מי־טינגען, וויא אויך אין שוהל בּיים דאווענען זיך רוהיג צו בענעהמען.

§ 2. דיא דיוס פאר יעדען מענליכען מעמבער זאָל $7.50 דאָס יאָהר זיין, פיר אלמנות בלויז $6.00 אַ יאָהר, דיא חבֿרה האָט אָבער דאָס רעכט מיט צוויי דריטעל מאַדזשאָריטי דיא דיוס צו ענדערען.

§ 3. יעדער מעמבער מוז זיין דיוס, טעקסעס אונד שטראַפען יעדען קווארטאל ביים דזשענעראל מיטינג בעצאהלען מיט אויסנאהמען פאר עליות און נדרים קאָן ער צאָהלען 2 מאָל יעהרליך דעם מיטינג בעפאָר פסח און ערב ראש השנה, ווען ער אָבער בע־צאהלט ניט זיינע שולדען ביז צום לעצטען איינצאה־לונג פאר יעדען קווארטאל, זאָל איהם דער סעקרע־טער איין רעדזשיסטרירטען לעטער שיקען און ווען ער ועט ביי שטרייך אבענד ניט בעצאהלען זאָל ער פאָן דער חברה געזעצליך געשטריכען ווערען ווען ער באצאָהלט ניט דיא עליות אָדער נדרים ביז ערב ראש השנה זאָל ער אויך געשטראָכען ווערען.

---

## אַרטיקעל 5.

## רעכטע דעם מעמבער

§ 1. יעדער ברודער האָט דאָס רעכט ביים מי־טינג דאס וואָרט ביים פּאָרזיטצענדעם צו פערלאנגען און צו שפּרעכען און דער פּרעזידענט מוז עס איהם געבען.

§ 2. יעדער ברודער האָט דאָס רעכט נאָך דעם פאַרלעזונג פון דעם פּראָטאָקאָל איין צוזאטץ אָדער איינווענדינג צו מאכען, בלויז דער ברודער וועלכער וואר ניכט ביים לעצטען מיטינג האָט קיין וואָרט אין פּראָטאָקאָל בלויז אויפקלערונג קאָן ער פאָן פּרעזידענט פאָדערן.

§ 3. ווען אַ מעמבערס אַ זאָהן ווערט בר מצוה אָדער אַ התן בעפאָר די התונה אין שול קאָמט, זאָל דער מפטיר ניט פארקויפט ווערען נור באלאנגען צו איהם, מיט איין אויסנאהם ווען עס קומט אויס יו״ט ווען אָבער עס טרעפען זיך צוויי היובים אין 1 שבת דאָס הייסט אַ בר מצוה און אַ התן זאָל דער בר מצוה מפטיר קריגען און ווען צוויי בר מצות אָדער צוויי התנים צוזאמען זאָל א גורל געמאַכט ווערען.

§ 4. ווען אַ מעמבער איז א היוב צו איין עליה זאָל ער דעם שמש אָדער דיא גבאים מעלדען בעפאָר קריאת התורה, אויך ווען איינער האָט יאָהרצייט דעם זעלבען שבת זאָל דער מפטיר בעלאנגען צום יאָהרצייט מיט איין אויסנאהם ווען עס איז איין בר מצוה קאָמט דעם בר מצוה דער מפטיר, אויך אלע היובים מוזען לאָזען וויסען דיא גבאים אָדער שמש מיט 8 טעג בעפאָר וועגען מפטיר.

---

## אַרטיקעל 6.

### בעאַמטע דער חברה

§ 1. דיא בעאַמטע פאָן דער חברה זאָלען בע־שטעהען פאָן פּרעזידענט, וויס פּרעזידענט, טרעזשו־

רער, פּראָטאָקאָל סעקרעטער אונד פינאַנץ סעקרע־
טער, 3 גבאים, 3 טראָסטיעס, אונד האָספּיטאל סעק־
רעטער, זייער אַמט פאנגט זיך אָן נאָך דעם עלעקשאָן
מיטינג דעם זונטאג נאָך סוכות.

§ 2. אלע בעאַמטע מוזען ניט ווייניגער וויא 6
מאָנאַטען צו דער חברה בעלאנגען און בעפאָר אינ־
סטאַליישאָן מוזען זיי אלע זייערע שולדען צו דער
חברה בעצאהלען אויסער עליות אונד נ"ד ונ"ב.

§ 3. דיא בעאַמטע דארפען קיינע קרובים זיין
ביז סעקאָנד קאָזינס אהוץ גבאים.

§ 4. עס זאָלען 2 מיטינגען בעפאָר דיא עלעק־
שאָן נאָמינײשאָנס שטאטפינדען ערשטע און צווייטע
נאָכהער דיא עלעקשאָן.

§ 5. פאר פּרעזידענט קען נאָמינירט ווערען
וועלכער האָט שוין איין אַמט פערטראַטען.

§ 6. דער פּרעזידענט אַפּוינטעט איין עלעקשאָן
קאָמיטע וועלכע זאָל בעשטעהן פאָן 3 ברידער אום
איין ריכטיגען אונפּארטייאישען עלעקשאָן דורך צו
פיהרען, יעדער ברודער זאָל נור איין שטים צעטעל
אָבגעבען און דאן דעם רעזולטאַט איבערגעבען צום
פּרעזידענט, דער יעניגער קאַנדידאַט וועלכער אַ
מאַדזשאָריטי שטימען בעקאָמט האט זאָל אלס עלעק־
טעטער בעאַמטער אַנערקענט ווערען און ווען צוויי
קאַנדידאַטען גלייכע שטימען האָבען, זאָל אַ שטיך
וואַהל צום נעקסטען מיטינג שטאַטפינדען פיר דעם
זעלבען אַמט.

§ 7. אַ מעמבער וועלכער וויל איין אמט אנעה־מען אין דעַר חברה מוז ביי די נאָמינײשאָן אַנוועזענד זיין דאס זעלבע ביי דיא עלעקשאָן, קיין ברו־דער האָט דאָס רעכט צו געבען זיין שטימע דורך פּאָסט אָדער דורך איין צווייטען ברודער, ער מוז אַנוועזענד זיין ביי דיא עלעקשאָן צו שטימען.

§ 8. קיינער האָט דאָס רעכט צו האָבען צוויא עמטער אין דער חברה.

---

## אַרטיקעל 7.

### פפליכטען פאָן דיא בעאַמטע

§ 1. אלע בעאַמטע זיינען פערפליכטעט ביי יעדען מיטינג אַנוועזענד צו זיין, ווען אַ בעאַמטער פעהלט צו קאָמען צו 3 מיטינגען רעגעלער און גיבט ניט אן קיין גענינגענדע אורזאכע, דאן זאָל ער אָהנע דעבאַטען פאָן זיין אַמט סוספענדירט ווערען.

### פּרעזידענט

§1. דער פּרעזידענט איז פּאָרזיצענדער ביי יע־דען מיטינג ער מוז זעהען דאס עס זאָל אלס צוגעהען געזעצליך, אָרדנונג זאָ וויא ביי דיא מיטינגען דאָס זעלבע אין שוהל ביים דאווענען, ער מוז אויפפאסען דאס אלע געלדער זאָלען ווערען פינקטליך אויף אין דער צייט איינקאָלעקטעט, ער זאָל צו דיא רעגעלער צייט אלע קאָמיטעס אַפּאָינטען, דאָס הייסט צוויא דריטעל פון יעדע קאָמיטע זאָל ער אַפּאָינטען און איין דריטעל זאָל ער לאָזען צום וויים פּרעזידענט צו אַפּאָינטען.

§ 2. ווען איין מעמבער בעט דאָס וואָרט ביים מיטינג, זאָל ער עס איהם געבען לויט זיין נעקסט, ער מוז אין אלע דעבאַטען וואָס קומען פאָר ביי דיא מיטינגען געזעצליך און אונפּאַרטייאיש האַנדלען און דער לעצטער אין איין דעבאַטע זיין מיינונג צו געבען

§ 3. ער האָט דאָס רעכט צו מאַכען אויסגאַבען ביז 10 דאָלאַר אויף שול נויטווענדיגע רעפּיירינגס אָהנע מיטינג, ער מוז אָבער ביים נעקסטען מיטינג מעלדען.

§ 4. אלע דאָקומענטען און אלע ווערטה פּאַ־פּירען פון דיא שוהל, וויא אויך דער חברה זיגעל, זאָל זיך אונטער זיין שוץ געפינען, דעם זיגעל זאָל מען יוזען נור מיט דעם אונטערשריפט פאָן פינאַנס סעקרעטער, דאן זאָל ער דעם פּייפּער זיגלען אונד אליין זיך אונטערשרייבען איז דער פּייפּער גילטיג.

§ 5. ווען איין ברודער געגען פּרעזידענט איינע געזעצליכע קלאגע אין דיא חברה בריינגט, אָדער דער פּרעזידענט פערקלאָגט איין ברודער, זאָל דער פּרעזידענט דעם טשער פערלאָזען דיא גאַנצע צייט פון טרייעל, זיין פלאץ זאָל דאן דער וויס פּרעזידענט אָדער עקס פּרעזידענט פערנעמען.

§ 6. אויך זאָל דער פּרעזידענט אלע 6 מאָנאַט איין פינאַנץ קאָמיטע אַפּוינטען און אָבגעבען איין באריכט וועגען דיא פינאַנצען אין דער חברה.

§ 7. אויך זאָל איין פּרעזידענט מעהר וויא צוויי טוירמס ניט זיין קיין פּרעזידענט און איין יאָהר אריבער קען ער ווידער לויפען.

§8. נאָך דעם אַבלויף פאָן זיין טערמין זאָל ער אלס עקס פרעזידענט לייסטען און אלעס וואָס אונטער זיין שוטץ פון דיא חברה געפינט זיך זאָל ער צו זיין נאַכפאָלגער איבערגעבען

## פפליכטען פאָן וויס פרעזידענט

§ 1. דער וויס פרעזידענט מוז צו הילפע דעם פרעזידענט זיין, ווען דער פרעזידענט איז אַבוועזענד ביים מיטינג, זאָל ער זיין פלאַץ פערנעהמען און דעם מיטינג געזעצליך פיהרען, דאָס זעלבע ווען דער פרעזידענט רעזיגנירט פאָן זיין אַמט אָדער ווערט סוספענדירט זאָל ער זיין פלאַץ פערנעהמען ביז דיא נעקסטע עלעקשאָן.

§ 2. ביי יעדען מיטינג מוז ער אויך אַנוועזענד זיין, ער שטעהט אונטער דיא זעלבע געזעטצע וויא דער פרעזידענט, ער זאָל אַלס טשערמאַן פון דיא פינאַנס קאָמיטע זיין וויא אויך אלע קאָמיטעס מוז ער זיין פאָרזיטצענדער.

## ג ב א י ם.

§ 1. דיא גבאים מוזען אלע שבת און יום טוב אין שול קאָמען, יעדען אַנוועזענדען ברודער לויט דעם בוך איין עליה געבען אלע ברידער צופרידען צו שטעלען ווען אַ גבאי איז ניט געקומען אַ שבת, דורך א צופאל זאָל א טראָסטי זיין פלאַץ פערנעמען.

§ 2. אויך זיינען זיי פערפליכטעט וויא וויט מעגליך צו האָבען אין געדאנקען דיא שנדר געלד אין אָבענדס צום פינאַנס סעקרעטער איבער צו געבען.

§ 3. קיין מעמבער האָט דאָס רעכט די גבאים צו שטערען אָדער זיך שטעלען ארום בימה און זאָגען דעות זיי האָבען דאָס רעכט צו האנדלען לויט זייער פערשטאַנד.

פפליכטען פון פינאַנץ סעקרעטער.

§ 1. דער פינאַנץ סעקרעטער מוז ביי יעדען מיטינג אַנוועזענד זיין, אלע געלדער ריכטיג פער־שרייבען און דעם טרעזשורער נאָך דעם מיטינג איבערגעבען וויא אויך אלע אויסגאבען צו פער־שרייבען.

§ 2. ער מוז אלע נאָטיסעס מיט אַנגאַבע דיא שולדען יעדען ערשטען מיטינג אין מאָנאַט צו דיא ברידער שיקען, ער מוז דעם פרעזידענט אונד וויס־פרעזידענט געהאָרכען.

§ 3. ביי איין טויטען פאל ר"ל מוז ער דער ערשטער זיין און אלע ברידער ווען מעגליך שריפט־ליך אָדער דורך אדווערטייזינג אין אַ פייפער צו דער לויה בארופען.

§ 4. ווען דער פינאַנץ סעקרעטער קאן צו קיין מיטינג ניט קאָמען דורך קראנקהייט ר"ל אָדער דורך געשעפט, זאָל ער דיא ביכער צום פרעזידענט איבער געבען. זיין געהאַלט זאָל זיין נאָך דעם באשלוס פון דיא חברה, זאָ איין געהאלט מוז בעשטימט ווערען בעפאָר דיא עלעקשאָן, ווען דיא פינאַנס קאָמיטע פינדען דיא ביכער ניט ניט אין אָרדענונג האָט דער טשערמאן דאס רעכט צו צונעמען דיא ביכער פאָן סעקרעטער.

## פפליכטען פון פראָטאָקאָל סעקרעטער

§ 1. דער פראָטאָקאָל סעקרעטער מוז ביי יעדען מיטינג אַנוועזענד זיין און זאָל איין ריכטיגען און-פאַרטייאישען פראָטאָקאָל פיהרען און פאָרלעזען אלע בעאַמטע, און דעם פראָטאָקאָל פאָן לעצטען מי-טינג פאַרלעזען און אלעס ריכטיג פערשרייבען, אלעס וואָס עס ווערט ביים מיטינג פערהאנדעלט.

§ 2 ער מוז אלע חברה קאָרעספאָנדענטען פיהרען איין מאָל אין מאָנאַט פאָסט קאַרדס צו אלע ברידער שיקען צו אַ מיטינג בארופען, ער מוז דעם פרעזידענט אונד וויס פרעזידענט געהאָרכען ווען זיי איהם בעפעהלען פאָסט קאַרדס צו איין ספעשעל אָדער עקסטרא מיטינג צו שרייבען, אויך אלע קאָ-מיטעס צו שרייבען פאָסט קאַרדס ווען נויטיג איזט, זיין געהאַלט מוז אויך באשלאָסען ווערען בעפאָר די עלעקשאָן.

§ 3. ווען ער קאָן צו אַ מיטינג ניט קאָמען דורך קראנקהייט ר״ל, אָדער דורך געשעפט זאָל ער אויך דיא ביכער צום פרעזידענט איבערגעבען.

## טרעזשורער

§ 1. דער טרעזשורער מוז אלע מיטינגען ביי-וואָהנען, אלע אָנגענומענע געלדער ביים מיטינג פאָן סעקרעטער ערהאַלטען און קוויטירען דיא געלדער גלייך וויא מעגליך אין דיא בײנק אויף דעם נאָמען פאָן דער חברה דעפאָנירען, אלע אויסגאבען וועלכע עס ווערען אָנגענאָמען ביים מיטינג מוזען אויסגע-צאָהלט ווערען דורך טשעקס.

§ 2. דיא טשעקס מוזען זיין געסיינט פאָן פרע־זידענט אונד טרעזשורער, ביי דער פינאַנץ קאָמיטע מוז ער אַנוועזענד זיין אַלע בילס, וואָוטשערס און באַנק בוך צו צושטעלען.

§ 3. זאָ באלד ער ערפילט ניט דעם אָרדער פון פרעזידענט אויס צו צאָהלען א ביל, וועלכער איז געזעצליך אָנגענומען, זאָל ער פון זיין אַמט סוספענ־דירט ווערען.

פפליכטען פאָן האָספיטעלער

§ 1. אַזוי שנעל וויא ער בעקאָמט איין פאָסט קאַרד אָדער אַנגעזאָגט דורך איין גוטשטעהענדען ברודער דאס איין ברודער איז קראנק ר"ל און פער־לאנגט איין קראנקען קאָמיטע, מוז ער גלייך שיקען אַ קאָמיטע נאָכ'ן א"ב פאָן בוך, און אליין באזוכען בעפאָר דער קאָמיטע, אויך מוז ער ביי יעדען מיטינג אַנוועזענד זיין און אָבגעבען אַ בעריכט.

ט ר אָ ס ט י ע ס

§ 1. דיא טראָסטיעס מוזען שבת און יום טוב בשעת התפילה אָדער ביי איין גרויסע פערזאמלונג אין שוהל זיין, אָדער ביי איין מיטינג גוטען אָרדנונג האַלטען, יעדען ברודער אָדער אורח אויף א פריינד־ליכען אַרט צו בעהאַנדלען, יעדען אנוועזענדען איין סיט צו געבען, ווען אַ מעמבער האלט זיך ניט רוהיג אין שוהל צו יעדער צייט זאָל ער איהם 2 מאָהל בע־טען צו אָרדער און ווען ער פאָלגט ניט, זאָל ער איהם צום נעקסטען מיטינג רעפאָרטען און דיא אָרדענונג שטערער זאָלען ביים מיטינג בעשטראפט ווערען.

§ 2. ווען אַ גבאי קומט ניט שבת אָדער יו"ט אין שוהל זאָל ער זיין שטעלע פערטרעטען.

§ 3. ווען ער ערפילט ניט זיינע פפליכטען זאָל ער פון זיין אַמט סוספענדירט ווערען.

---

## אַרטיקעל 8.

### בענעפיטען פאר אַ מעמבער.

§ 1. ווען אַ גוטשטעהענדער מעמבער מעלדעט זיך קראנק ר"ל, זאָל איין קאָמיטע צו איהם געשיקט ווערען מבקר הולה צו זיין יעדען טאָג. , ,

§ 2. ווען שמירה איז נויטיג, זאָל עס גלייך בעזאָרגט ווערען, אָבער ניט מעהר וויא 3 נעכט.

§ 3. ביי איין אַנשטעקענדע קראנקהייט ר"ל איז מען פון שמירה אונד קראנקען קאָמיטע ניכט פערפפליכטעט.

§ 4. ווען אַ מעמבער וואָהנט אויסער דער שטאָדט וויא עס קאָסט מעהר וויא 10 סענט פעיר, איז ער צו קיין קאָמיטע בערעכטיגט.

§ 5. אויך ווען אַ ברודער איז קרנאק ר"ל אונד ליגט אין האָספיטאל, מוז מען איין מאָל אין וואָך דורך אַ קאָמיטע באזוכען.

§ 6. אויך ווען אַ ברודער שטאַרבט ר"ל אין האָספיטאל און דיא פאמיליע פערלאנגט דיא באַדי אין דער היים, מוז דיא פאמיליע בעצאהלען פאר'ן רעמאָווען דיא באַדיע.

§ 7. ביי איין טויטען פאל ר"ל פון אַ ברודער, אָדער אַ שוועסטער, זאָל דיא חברה געבען אַ טויטען וואָגען מיט אַ מאַשין פאר דיא פאַמיליע און אַ מאַשין פאר דיא מתעסקים אויך אלע הצטרכות המת. דער מת זאָל געבראכט ווערען אין טויטען וואָגען צו דער שוהל צו מאכען הזכרה.

§ 8. ווען אַ מעמבער שטאַרבט ר"ל אויסער גרייטער ניו יאָרק און זיין פאמיליע פערלאנגט ער זאָל בעערדיגט ווערען אויף אונזער סעמעטערי, מוז ער געבראכט ווערען צו זיין הויז אָדער צו אונזער אַנדערטייקער אויף דיא עקספּענס פון דיא הינטערבליבענע פאמיליע.

§ 9. ווען אַ קינד ביז 4 יאָהר אַלט שטאַרבט, זאָל דיא חברה בלויז אַ קערידזש געבען און פון 4 יאָהר ביז 12 יאָהר אלט נור א טויטען וואָגען מיט איין מאַשין, אַ זאָהן פון אַ מעמבער איז צו דעם בערעכטיגט, ביז 18 יאָהר אלט ווען ער איז מיט זיינע עלטערן צוזאמען.

§ 10. ווען אָבער ניט איז ער צו קיינע פון דיא אויבענדערמאָנטע בענעפיטען ענטייטעלט, אַ טאָכטער בעלאנגט ביז זיא האָט התונה.

§ 11. ווען אַ ברודער זיצט אַ גאַנצע וואָך שבעה ר"ל זאָל צו איהם געשיקט ווערען אַ שבעה קאָמיטע מנחם אָבל זיין אויך ווען ער זיצט שבעה נאָך אַ פאָטער אָדער מוטער אָדער אַ מעמבער איז געשטאָרבען ר"ל זאָל א מנין יעדען טאָג געשיקט ווערען, ווען ער וואָהנט ניט ווייטער וויא 20 בלאָק פון

דיא שוהל, ווען אָבער ער וואָהנט ווייטער זאָל ער 3 דאָלאר פאר יעדען געדונגענעם דאוונער בעקאָמען פאר דיא גאנצע וואָך.

§ 12. ווען אַ מעמבער הייראַט אַ צווייטע פרוי און ער ברייננגט זיא אַריין אין דיא חברה פאר אַ מעמ־בער און זיא האָט קינדער פאָן איהר ערשטען מאַן בעלאנגען דיא קינדער צו קיינע בענעפיט פאָן דער חברה, ווען ער וויל אריינברייננגען דיא צווייטע פרוי זאָל ער בעצאהלען לויט דעם בעשלוס פאָן די חברה.

§ 13 ווען אַ ברודער ר״ל שטאַרבט בלייבט דיא אלמנה אַ מעמבערקע אין דער חברה און מוז צאָהלען איהרע דיוס לויט 50 סענט אַ מאָנאַט.

§ 14. אויך ווען אַ ברודער שטאַרבט ר״ל זאָל דיא פרוי אלמנה בעקאָמען 1 דאָלאר פאר יעדען מעמבער קאָפּגעלד דורכ׳ן טרעזשורער ניט שפּעטער וויא 90 טעג נאָך דער פטירה, אָבער 35 דאָלאר פאָן דיא געלד מוז בלייבען אין טרעזשורי אלס משכון פאר אַ שטיין ביז 11 מאָנאַט צייט דאן זאָל דיא חברה פאר דיא 35 דאָלאר אַ שטיין שטעלען אויך ווען אַ מעמבער ברודער בלייבט שולדיג שולדען אין שול זאָל פאָן דיא קאָפּף געלד ארונטער גענומען ווערען.

§ 15. אויך ווען אַ סינגעל מאן אָדער פרוי סינ־געל דאָס מיינט אלמנה אָדער אלמן שטאַרבט ר״ל, זאָלען דיא קינדער קריגען צו 50 סענט קאָפּף געלד פון יעדען מעמבער אָדער אלמנה מעמבערקע צו שטייער אויף אַ שטיין אונד ווען ר״ל קיינע קינדער איז ניט דאָ זאָל דיא חברה פאר דעם געלט אַ שטיין שטעלען.

§ 15. אויך ווען איין פרוי שטאַרבט ר"ל זאָל דער מאן באקאָמען צו 50 סענט פער מעמבער קאָפּף געלד מיט דיא זעלבע קאָנדישאָנס וויא דיא פרוי.

§ 16. אויך דער סעקרעטער מוז דיא קאָפּף געלד קאָלעקטען פאָן יעדען מעמבער בעפאָר זיין דיוס אונד מוז געהן דורכ'ן לעדזשער.

§ 17. אויך ווען איין מעמבערס איין קינד ר"ל שטאַרבט, מוז אויך דער פאָטער 5 דאָלאר געבען אַלס דעפּאָזיט פיר איין שטיין בעפאָר דיא פיונעראל.

§ 18. ווען אַ פערשטאָרבענער ברודער לאָזט ניט קיין קינדער, מוז דיא חברה בעזאָרגען דעם גאנ־צען ערשטען יאָהר און אויך יעדען יאָהר צייט מיט קדיש זאָגען און אויך הזכרה מאַכען.

§ 19. ווען א ברודער איז געשטאָרבען און זיין פרוי איז אין יוראָפּ מיט איהר פאמיליע זאָל דיא חברה לאָזען קדיש זאָגען 4 וואָכען ביז דיא פאמיליע וועלען זיך דערוויסען.

§ 20. ווען איין אלמנה הייראט אַ צווייטען מאָל איז זיא פון אונזער חברה סוספּענדירט.

§ 20. ווען א מעמבער ווערט בעערדיגט אויף איין אייגענעם פלאַט אויף איין אנדערע סעמעטערי לויט איין אָרטאָדאָקסישען דין מוז דיא חברה געבען אלע עקספּענסעס וויא געוועהנליך, אָבער ווען דיא פאַמיליע פערלאנגט צו מאכען ניט נאָכ'ן אידישען דין, דאן איז דער יעניגער צו קיין זאך ניט בערעכ־טיגט.

§ 21. ווען אַ מעמבער בעלאנגט צו אַנדערע סאָ־
סייטיס און ווערט בעערדיגט אויף אן אַנדערע סאָ־
סייטיס סעמעטערי זאָל דיא סאָסייטי בלויז שיקען
אַ קאָמיטע מיט איין מאַשין אונד 15 דאָלאר צו־
שטייער צו דיא נאַכגעבליבענע.

§ 22. ווען אַ מעמבער מאַכט התונה אַ זאָהן
אָדער אַ טאָכטער און ער פערלאנגט צו מאכען דיא
הופה אין שוהל זאָל ער זיין בערעכטיגט, און ברויכט
פאר קיין עלעקטריק צאהלען.

§23. ווען אַ מעמבער מאַכט התונה אַ טאָכטער
און לאדט דיא חברה, זאָל דיא חברה אַ קאָמיטע צו
דער התונה שיקען מיט אַ געשאַנק צו פרעזענטירען
לויט באשלוס פון דער חברה.

---

## אַרטיקעל 9.

## ח ב ר ה  ק ד י ש ה

§ 1. דיא חברה קדישה זאָל אימער זיין ניט
ווייניגער וויא 12 לייטע.

§ 2. דיא חברה קדישה מוזען אלע ט"ו כסלו
אויפ'ן סעמעטערי ארויספאָהרען אויף דיא עקספענס
פאָן דער חברה און מזכיר נשמות זיין אונד קדיש
זאָגען אונד לעת ערב צו מאכען איין סעודת מצוה
דיא עקספענס פיר דיא סעודה זאָל באוויליגט ווערען
פאָן דער חברה מיט אַ מיטינג בעפאָר.

§ 3. אלע יאָהר ט"ו כסלו זאָל ערוועהלט ווע־
רען צוויי גבאים אונד א. סעקרעטער.

§ 4. ווען עס טרעפט איין טויטען פאל ר"ל מוז
מען גלייך מעלדען דעם ערסטען גבאי און ער מוז
זיך גלייך איינפינדען, ווען ער איז ניכט צו הויזע,
דאן האָט דער צווייטער גבאי צו פארטרעטען זיין
שטעלע.

§ 5. ווען דער ערסטער גבאי אָדער דער צוויי־
טער גבאי קאָמט ניט ווערדען זיי מיט 2 דאָלאר בע־
שטראפט צום ערסטען מאָל צו דער חברה קדישה

§ 6. ווען איין חברה קדישה מאן קריגט נאָטים
פן גבאי מוז ער זיך גלייך איינפינדען ווען ער קאָמט
ניכט צו דער ריכטיגע צייט ווערט ער בעשטראָפט
מיט איין דאָלאר צו דער חברה קדישה.

§ 7. דיא גאַנצע הנהגת המת מוז געפיהרט
ווערען אָרטאָדאָקסיש זאָלאנג וויא דיא חברה בא־
שטעהט.

§ 8. דיא חברה קדישה איז פריי פון שמירה
ביי א חולה אונד מנין און פון אלע עקסטרא אויפ־
לאגען.

§ 9. דער פרעזידענט מיט דיא בעאַמטע אונד
גבאים פאָן דיא חברה קדישה האָבען דאָס רעכט צו
פארקויפען איין גראב צו אַ פרעמדען.

## אַרטיקעל 10.

### שטראפען פאַן ברידער

§ 1. ווען א ברודער ערפילט ניט זיינע פפליכ־טען אלס קאָמיטע מאן אָהנע גענינענדע בעווייזע, אָדער אורזאכע, זאָל ער מיט 25 סענט בעשטראפט ווערען, און 50 סענט פאר ניט באַריכטען נור ער קען באַריכטען שריפטליך אָדער דורך איין ברודער.

§ 2. ווען איין ברודער בעליידיגט אַ צווייטען אין שול ביים דאוונען אָדער ביי איין עפענטליכען מיטינג, זאָל ער דאָס ערשטע מאָל מיט איין דאָלאר בשטראָפט ווערען, דאָס צווייטע מאָל מיט 3 מאָנאַ־טען דאָס וואָרט ניט צו האָבען און צום דריטען מאָל לויט דעם בעשלוס פאָן דיא חברה.

§3. ווען אַ ברודער פאָלגט ניט דעם פרעזידענט צו זיין שטיל ביים מיטינג זאָל ער מיט 25 סענט בע־שטראָפט ווערען דאָס ערסטע מאָל, און דאָס צווייטע מאָל 50 סענט, און דאָס דריטע מאָל לויט דעם בע־שלוס פון דיא חברה, דער פרעזידענט האָט אָבער דאָס רעכט מיט אַ דאָלאר צו בעשטראָפען ווען דער יעניגער איז א רוהע שטערער.

§ 4. ווען אַ ברודער שטערט דעם פרעזידענט דעם מיטינג צו פירען און טרייעט דעם שלום ואהדות פאָן דער חברה צו שטערען, זאָל ער בעשטראָפט ווערען מיט 3 מיטינגען קיין וואָרט האָבען צום ערשטען מאָל.

§ 5. ווען אַ ברודער גיט איבער דיא חברה'ס פערהאנדלונגען צו פרעמדע לייטע וועלכע שטערען דעם גוטען נאָמען פאָן דיא חברה זאָל ער דאס ערשטע מאָל מיט 2 דאָלאר בעשטראָפט ווערען און דאָס צווייטע מאָל לויט דעם בעשלוס פאָן די חברה.

§ 6. ווען איין מעמבער וואָהנט אין דער נאַכ־באַרשאפט און געהט אין אַ צווייטער שוהל צו געבען אַ נאָמען אָדער מיט זיין זאָהן אַ בר מצוה, זאָל ער מיט 5 דאָלאר בעשטראָפט ווערען, אָבער ווען ער וואָהנט מעהר וויא 20 בלאָק קען מען איהם ניט צווינגען.

---

ארטיקעל 11.

שוהל געזעצע.

§ 1 ראש השנה און יום כפור זאָלען אלע עליות פערקויפט ווערען און אין אנדערע ימים טובים פון יאָהר איז נאָך בעשלוס פאָן דיא חרבה.

§ 2. פאר מעמבערס זאָל דער פרייז פון עליות און נדרים גערעכענט ווערען בלויז דיא העלפט, נור ראש השנה און יום כפור אונד שבת תשובה פאר עליות גאנצע געלט אונד שנדרת העלפט.

§ 3. יעדער מעמבער מוז זעהן וויא וויט מעגליך זיינע קינדער צו האלטען אין אָרדנונג ביי זיך אין שוהל, ווען ניט האָבען דיא שוהל טראָסטיעס דאס רעכט זיי אויסצואווייזען פון שוהל.

§ 4.  ווען א מעמבער ווערט אויפגערופען צו אן עליה און וויל ניט געהן, זאָל ער אונטער אַ קלאגע געשטעלט ווערען.

§ 5.  עס איז שבת אָדער יום טוב קיינעם ניט ערלויבט צו געהן צום עמוד דאווגען אלס חזן אָהן דיא ערלויבנים פאָן גבאים אָדער פרעזידענט אָדער שמש.

§ 6.  אויך ווען איין מעמבער האָט יאָהרצייט אום שבת אָדער יום טוב, אַהוץ ימים נוראים און וויל דאווגען פאר'ן עמוד, זאָל זיך מעלדען צו דיא גבאים אָדער פרעזידענט און עס מוז איהם ערלויבט ווערען.

---

## אַרטיקעל 12.

### שוהל סיטס געזעטצע

§ 1.  יעדער מעמבער איז פערפפליכטעט וויא ווייט מעגליך צו קאָמען דאווגען יעדען שבת אונד יו"ט אין שוהל אָבער ווען ער קאָמט ניט דאווגען דיא ימים נוראים מוז ער פיר זיינע שול טיקעטס בעצאהלען.

§ 2.  אלע סיט האָלדערס אָהן אויסנאמע אָרעם אָדער רייך מוזען פאר זייערע סיטס באצאָהלען בעפאָר ראש השנה ווען ניט קאָן ער קיין איינלאס בעקאָמען.

§ 3.  יעדער ברודער האָט דאָס רעכט 2 אָדער 3 סיטס צו קויפען אויך ווען ער וויל זיין סיט צו אַ

צוויטען פארקויפען מוז ער האָבען דיא ערלויבע־
נים פאָן דיא טיקעטס קאָמיטע.

§ 4. אלע ראש חודש אלול זאָל אַ ספּעשעל מיטינג בארופען ווערען אונד באשליסען דעם פּרייז פאָן סיטס, אויך זאָל יעדער ברודער צוויי וואָכען פאר יום טוב זיך מעלדען פיר זיינע טיקעטס, ווען ניט האָט דיא חברה אַ רעכט צו פארקויפען דיא טיקעטס פאר'ן בענעפיט פאָן דיא חברה.

---

## אַרטיקעל 13.

### געזעטצע פון גמילת חסד

§ 1. דער גמילת חסד בעשטעהען פאָן פאָלגענדע בעאַמטע: אַ טשערמאַן, סעקרעטער, טרעזשורער, דיא 3 בעאַמטע זאָלען ערוועהלט ווערען ביי איין רעגעלען עלעקשאָן.

§ 2. אונד דער ניי ערוועהלטער פּרעזידענט פון דיא חברה ברויך 7 דירעקטאָרען צו אַפּוינטען.

§ 3. יעדער ברודער זאָל באקומען געליהען ביז 30 דאָלאר מיט איין גוטשטעהענדען ברודער אָדער ביזנעס מאַן אונד אריבער 30 דאָלאר ביז 50 דאָלאר מוז דער יעניגער האָבען צוויי ביזנעס לייט גוטזאָגערס.

§ 4. יעדע אַנלייהע מוז 5 פּראָצענט פון דיא סוממע וועכענטליך אויסגעצאהלט ווערען צוב"ש פאָן 5 דאָלאר 25 סענט פאָן 10 דאָלאר 50 סענט, א. ז. וו.

§ 5. ווען אַ ברודער הט פארפעהלט 1 וואָך מוז ער דיא 2טע וואָך פיר 2 וואָכען צוזאמען צאהלען.

§ 6. ווען אַ ברודער פארפעהלט זיינע צאַהלונגען זאָ קאן ער ניט באקאָמען ווידער געלט ביז וויפיעל וואָכען ער האָט פארפעהלט.

§ 7. ווען א ברודער פערנאכלעסיגט זיינע צאה־לונגען, זאָל דער סעקרעטער געצוואונגען זיין איהם אַלעטער צו שרייבען אָדער צום אינדאָרסער. ווערט יעדער לעטער 10 סענט געטשאַרדזשעט.

---

## אַרטיקעל 14.

### וועגען ענדערונגען דאס געזעצטע

§ 1. יעדער פּונקט אין דיזער געזעצע אָדער צו־גאבע, קאָן נור דאמאַלס געמאכט ווערען ווען צו דעם צוועק איין ספּעציאל מיטינג איז גערופען געוואָרען און אויסדריקליך ארויס געשריבען דעם אינהאַלט פון ענדערונג, און מיט דיא צושטימונג פון צוויי דריי־טעל אַנוועזענדע מעמבערס.

2. יעדער מעמבער איזט פערפפליכטעט צו נעהמען איין געזעץ בוך, גוט דורכשטודירען און פאר איהם בעצאהלען לויט דעם באַשלוס פון דיא חברה.

---

דיזע קאָנסטיטושאָן איז צוויי מאָל פאָרגעלעזען געוואָרען און ביי אַ ספּעציאל מיטינג דירעקט פאר דעם צוועק אָנגענומען געוואָרען 9טען יאנואר 1927.

